קאָרדעליאַ

# דער װוּנדערבאַרג

יידיש—ש. באַסטאָמסקי



ווילנע—1927

פֿאַרלאַג „די נייע יידישע פֿאָלקסשול"

KORDELIJA

# Der Wunderbarg

Bajka dla dzieci

przekład S. Bastomskiego

1927

דרוקעריי ס. פ. גארבער, ווילנע, זאוואלנע 25.

Drukarnia F. Garbera, Wilno, Zawalna 25.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט אין אַ אינדישער מלוכה געהערשט אַ קיניג מיטן נאָמען ראַמון.

ראַמון איז געווען אַ מענטש אַ האַסטיקער, אַ הערשזיכטיקער און אַ גרויסער אַכזר.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט פאַר אים געציטערט.

דער קיניג האָט געהאַט צוויי באַליבטע העלפאַנדן, וועלכע ער האָט געהאַלטן גלייך ווי פרינצן.

איין העלפאַנד איז געווען ווייס ווי אַ וואָלקן און דער צווייטער—שוואַרץ ווי אַ רויך.

ווען דער קיניג איז געווען גוט געשטימט, פלעגט ער זיך אַרויפזעצן אויפן ווייסן העלפאַנד און אַרומפאָרן איבער דער הויפּטשטאָט. דאָס פאָלק פלעגט דאַן פאַלן פאַר אים מיטן פּנים צו דרערד און פאָרלייגן אים זיינע אַלע בקשות און פאַרלאַנגען.

ווען דער קיניג פלעגט אַרויספאָרן אויפן שוואַרצן העלפאַנד, פלעגן זיך אַלע צעלויפן און זיך באַהאַלטן אין די ווינקעלעך, ווייל דער קיניג איז דאַן געווען אין אַ שלעכטער שטימונג און פול מיט צאָרן.

טיר און טויער פלעגט געשלאָסן ווערן און די שטאָט פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מדבר.

און ווי איז געווען צו די, וואָס פלעגן זיך דאַן באַווייזן פאַר דעם קיניגס אויגן!

אויפן קיניגס באַפעל פלעגט מען די דאָזיקע נעמען

געפאַנגען און וואַרפן אין ים אַריין אָדער לעבעדי־
קערהייט פאַרברענען אָדער צעטרעטן מיט די פיס.

אַריינפאַלן אין תפיסה אָדער אין די קעלערן פון
פּאַלאַץ איז שוין געווען אַ גליק.

ווען דער צאָרן פלעגט באַהערשן דעם קיניג, האָט
זיין אכזריות קיין גרעניץ ניט געהאַט.

אַמאָל האָט ער דערזען, ווי אַ המון מענטשן האָט
זיך דערשראָקן פאַרן שוואַרצן העלפאַנד און זיך באַהאַלטן
אין אַ טעמפּל. האָט דער קיניג באַפוילן תיכף צו פאַרברע־
נען דעם טעמפּל צוזאַמען מיט די מענטשן. און אַז ער
האָט דערזען די פלאַמען, וואָס ציען זיך צום הימל, און
דערהערט די קולות פון די אומקומענדיקע, האָט זיך זיין
פּנים באַהעלט מיט אַן אכזריותדיקער פרייד.

---

נאָר איין באַשעפעניש אויף דער וועלט האָט צייטנווייז
געקענט ווייך מאַכן דעם קיניגס האַרץ. דאָס איז געווען די
טאָכטער זיינע — די פּרינצעסין „זונענשטראַל".

זי איז געווען אַ שיין מיידל מיט גאָלדענע לאָקן,
מיט אַ וווּנדערבאַר־ליכטנדיקן פּנים, מיט אויגן, פון וועל־
כע עס האָבן מאָמענטנווייז פונקען געשפּריצט, אָבער
שטענדיק אַזוינע גוטע, פול מיט געבעט. זייער בליק פלעגט
אַריינדרינגען אין דער נשמה פון די, אויף וועמען זי האָט
געקוקט.

ווען די פּרינצעסין פלעגט דערזען ביים טויער פון
פּאַלאַץ דעם שוואַרצן העלפאַנד, פלעגט זי תיכף צוגיין
צום פאָטער און זען מיט אַלע מיטלען איינצוהאַלטן אים
אין דער היים. זי פלעגט זיך ביי אים בעטן, פאַלן אים צו די

פיס, קוקן אויף אים מיט אירע טרויעריק־בעטנדיקע אויגן.

נאָר ניט אַלע מאָל פלעגט זיך איר איינגעבן געפי־נען חן און חסד ביים גרויזאַמען קיניג.

די פרינצעסין איז גרייט געווען אָפּצוגעבן דאָס לעבן דערפאַר, אַז דער פאָטער אירער זאָל ווערן אַזאַ גוטער און יושרדיקער, ווי עס איז געווען איר עלטערזיידע, דער גוטער קיניג קאַלימאַן.

וועגן קאַלימאַנס גוטסקייט האָט מען נאָך עד היום גערעדט. מע האָט דערציילט, אַז דערדאָזיקער גוטער קי־ניג איז אויף אַ ווונדערבאַרן אופן פאַרשווונדן געוואָרן.

ער איז אַמאָל אַוועק אויף געיעג אין אַ געדיכטן וואַלד און איז שוין צוריק ניט געקומען. אַ טייל פון זיינע באַגלייטער האָבן איבערגעגעבן, אַז ווען זיי זיינען געווען אין וואַלד, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעך געוויטער, ס'איז אַראָפּ־געפאַלן אַ וואָלקן און דער קיניג איז נעלם געוואָרן. טייל באַגלייטער האָבן געטראַכט, אַז אַ בליץ האָט אים דערהר־געט אָדער ווילדע חיות האָבן אים פאַרצוקט. אַזוי צי אַזוי— דער קיניג איז פאַרלאָרן געגאַנגען און זיין טויטן קער־פער האָט מען ניט געקאָנט געפינען.

אַז דידאָזיקע ידיעה איז באַקאַנט געוואָרן אין שטאָט, האָט אַלעמען באַהערשט אַ טיפער טרויער.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז אַזאַ קיניג וועלן זיי שוין מער נישט האָבן.

אָנהייב פרילינג זיינען צום פרילינג־יום־טוב אַראָפּ־געקומען די כהנים פון וווּנדערבאַרג אין טאָל אַריין. האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז דער גוטער קאַלימאַן איז ניט געשטאָרבן. ער וועט זיך נאָך אַמאָל באַווייזן. ווען דאָס

וועט פֿאַרקומען—פֿאַרבלייבט אַ סוד.

אַלע יאָר האָבן די כּהנים איבערגעחזרט דעמדאָזיקן צוזאָג.

טיף אין האַרצן האָט דאָס פֿאָלק געהאָפֿט אויף אַ נס. אַלע האָבן אָבער מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן די האָפֿענונג, ווייל שרעקלעך איז געווען די נקמה פֿון דעם גרויזאַמען קיניג ראַמון!

---

אין שכנות מיטן קיניגס פּאַלאַץ האָט זיך געהויכט דער פּאַלאַץ פֿון דעם פּרינץ נאַדיר, ראַמונס ברודערזון.

דער קיניג האָט פֿיינט געהאַט זיין ברודערזון, ווייל ער האָט אים חושד געווען, אַז ער וויל אָפּנעמען ביי אים דעם טראָן. אָבער די פּרינצעסין „זונענשטראַל" האָט זייער ליב געהאַט נאַדירן און געוואָלט מיט אים חתונה האָבן.

נאַדיר איז קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען פֿון זיין פּאַלאַץ, ווייל ער האָט מורא געהאַט זיך צו טרעפֿן מיטן קיניג דעם אכזר.

גאַנצע טעג פֿלעגט ער פֿאַרברענגען אין זיין בוים-גאָרטן, געריסן בלומען, צוגעהאָרכט זיך צום געזאַנג פֿון די פֿויגל און געזען זיי נאָכזינגען מיט זיין וווּנדערבאַר-קלינגענדיקער שטים.

„זונענשטראַל" איז געווען די איינציקע נחמה אין זיין איינזאַמען טרויעריקן לעבן. זי פֿלעגט אָפֿט קומען צו אים אין גאָרטן, שפּילן מיט אים אין פֿאַרשיידענע שפּילן, פֿאַרברענגען מיט אים.

אין יענע טעג, ווען די פרינצעסין פלעגט מיט אים פארברענגען, האט זיך נאדירן געדאכט, אז דער גארטן ווערט באלויכטן מיט נייעם ליכט, און ער אליין האט זיך געפילט אזוי צופרידן און גליקלעך, גלייך ווי א קיניג פון דער וועלט.

ער האט געפלאכטן בלומענקרענץ און אנגעטאן זיי דער שיינער מיידל אויפן קאפ. פון די שענסטע און שמעקעדיקסטע בלומען פלעגט ער צונויפפלעכטן וווּנדערבארע דעקעס און פארוויקלען אין זיי זיין שוועסטערקינד.

— דו ביסט ווי א בלומענמלכּה — האט ער באגייסטערט גערעדט שטייענדיק פאר איר אויף די קני.

זי פלעגט זיך זעצן אויפן שמעקעדיקן סאמעט־גלאטן גראז און זאגן צו אים:

— זינג מיר עפּעס, נאדיר !...

ער פלעגט זינגען, צעקלינגען זיך ווי א נאכטיגאל. און זיין ליד פלעגט זיך דערהויבן צו די הימלען צוזאמען מיטן בלומען־ריח. און די באגייסטערטע פרינצעסין פלעגט אלץ בעטן:

— נאך, נאך !... ווי הערלעך, ווי שיין !... ס׳איז, ווי אין א חלום!... ווייסט, בעתדו זינגסט, וואלט זיך מיר וועלן איינשלאפן און קיינמאל, קיינמאל מער זיך שוין ניט אויפכאפן...

---

איינמאל איז די פרינצעסן געווען אין גארטן און צוזאמען מיט נאדירן זיך געיאגט נאך א פלאטערל מיט גאלדענע פליגעלעך. מיטאמאל האט זי דערהערט עפּעס א גערויש. זי האט זיך צוגעקוקט און דערזען, אז דער קיניג גרייט זיך זעצן אויפן שווארצן העלפאנד.

זי איז פלינק ארויסגעלאָפן פון גאָרטן און צוגעפאַלן צום פאָטער מיט אַ געבעט:

— אַלמעכטיקער קיניג — האָט זי זיך געבעטן — וואָס דאַרפסטו אָפּפאָרן פון דאַנען? דאָ איז דאָך אַזוי גוט, דאָ הערשט דאָך אַזאַ וווּנדערבאַרער פרילינג!..

— טרעט אָפּ! — האָט אַ געשריי געטאָן דער קיניג מיט אַ קול, פון וועלכן די ביימער האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן — טרעט אָפּ, אויב דו ווילסט ניט, דער העלפאַנד זאָל דיך צעטרעטן!...

די פּרינצעסין איז נאָך אָבער געבליבן שטיין אויף די קני. זי האָט געהאָפט, אַז דער פאָטער וועט נאָך איבערטראַכטן.

דער מעכטיקער העלפאַנד האָט אויפגעהויבן אַ פוס. נאָך אַ מאָמענט און דער שווערער פוס וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער פּרינצעסינס קאָפּ...

נאַדיר האָט אָבער באַמערקט די געפאַר, וואָס האָט געדראָט דער פּרינצעסין. ער איז פלוצלונג ארויסגעלאָפן פון גאָרטן, געכאַפּט די פּרינצעסין און אַוועקגעטראָגן זי אויף די הענט.

— ווער וואַגט דאָס זיך צוצורירן צו מיין טאָכטער? האָט געפרעגט ראַמון — זאָל מען תיכף נעמען דעם יונג און פאַרשליסן אין דעם תּפיסה־טורעם פון מיין פּאַלאַץ!.. — האָט ער באַפוילן די שומרים.

און ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן העלפאַנד און איז אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין, אַרויפּהאַרפנדיק אויף אַלעמען אַ שרעקלעכן פּחד.

ווען זונענשטראַל האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם פאָטערס באַפעל, האָט זי אים ניט געלאָזט אויספירן.

זי האָט זיך איינגעקלאַמערט אין נאַדירן אַזוי

שטארק, אז מע האָט זי מיט געוואַלד געמוזט פון אים אָפּרייסן.

בעתן ראַנגלען זיך האָבן זיך אירע האָר פונאַנדער־געלאָזן און זי איז געפאַלן אין חלשות.

נאַדיר האָט מיט פרייד באַמערקט ווי איין לאַנגער דינער האָר, אַ ווייכער ווי זייד און אַ בלישטשעדיקער ווי גאָלד, האָט זיך אַרומגעפלאָכטן אַרום זיין רינג.

— דאָס וועט זיין פאַר מיר אַ נחמה — אַן אָנדענק פון דעם „זונענשטראַל" — האָט ער זיך געטראַכט.

מע האָט אים פאַרשפּאַרט אין אַ קליינעם צימער אין איינעם פון די טורעמס.

נאָר אַ שטיקל הימל האָט ער פאַר זיך געזען. ער איז געווען אַזוי פאַרצווייפלט, אַז ס'האָט זיך אים געוואָלט שטאַרבן.

נאָר דער געדאַנק וועגן „זונענשטראַל" האָט אים אונ־טערגעהאַלטן און ער האָט גענומען טראַכטן, ווי אַזוי צו געבן איר צו וויסן וועגן זיך.

ער האָט געפּרוּווט עפּעס וואָס אויסזינגען. קיינער האָט אים אָבער ניט געקאָנט הערן אויף אַזאַ הויך.

נאָר די פייגלען האָבן זיך אַרום אים געקרייזלט.

---

נאַדיר איז געווען זיכער, אַז „זונענשטראַל" טראַכט וועגן אים און קוקט אויף די פענסטער פון זיין תפיסה.

איינמאָל איז אים איינגעפאַלן אויסצונוצן דעם האָר, אום צו שיקן פון זיך אַ גרוס. צום גליק איז דער האָר גע־ווען לאַנג און גלאַנציק.

אַז ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט ער צוגעבונדן צום האָר זיין רינג און פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזן אים פון פענס־טער, צוהאַלטנדיק דעם אַנדער ברעג.

און די פּרינצעסין האָט דעם גרוס באַקומען.

ס'איז געווען אַזוי:

ווי נאָר די פּרינצעסין „זונענשטראַל" איז געקומען צו זיך, איז זי גלייך אַוועקגעלאָפן צום טורעם, ווו נאַדיר איז געזעסן, און איז דאָרט אָפּגעשטאַנען אַ פּאַרווייַנטע אַ גאַנצן טאָג. זי האָט אַלץ געטראַכט, ווי אים צו העלפן.

זעענדיק, אַז דער פּרינץ ווייַזט ניט אַרויס קיין סימן פון לעבן, האָט זי זיך זייער דערשראָקן. זי האָט געמיינט, אַז מע האָט אים דערהרגעט. שפּעטער האָט זי באַמערקט, ווי פויגלען דרייען זיך אַרום דעם טורעם. האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אין טורעם זיצט אַ געפאַנגענער.

זי האָט דאַן אַזוי געגאַרט אויך צו האָבן פליגלען, כּדי צו פליען אים צו הילף...

די זון איז שוין פאַרגאַנגען, ס'איז צוגעפאַלן אַ פינסטערע נאַכט. פּלוצלונג האָט זי באַמערקט אַ גלאַנציקן פאָדעם, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון טורעם-שפּיץ. דאָס האַרץ האָט בייַ איר גענומען קלאַפּן פאַר פרייד. און זי האָט געוואַרט, ביז דער פאָדעם וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף אַזוי פיל, זי זאָל אים קענען אָנכאַפּן מיט דער האַנט.

דער פאָדעם, הגם זייער אַ לאַנגער, האָט דאָך ניט דערגרייכט צו דער ערד. די פּרינצעסין האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָרן. זי האָט געבראַכט אַ לייטער, אָנגעכאַפּט דעם פאָדעם און דערקענט דעם אייגענעם האָר און נאַדירס רינג.

סאַר אַ וווּנדער, סאַר אַ פרייד דאָס איז געווען פאַר איר!...

זי האָט אָנגעטאָן דעם רינג צו זיך אויפן פינגער און לאַנג, לאַנג געהאַלטן דעם דינעם פאָדעם. ציִענדיק אים לייכט, האָט זי אַזוי פיל געקאָנט איבערגעבן דער האַנט, וואָס האָט אים געהאַלטן פון דער אַנדער זייט!

עס איז געווען אַ שמועס אָן ווערטער. זיי האָבן זיך אָבער זייער גוט פאַרשטאַנען.

— שטאַרק זיך! — האָט זי אים געמוטיקט — האָב קיין מורא ניט, טראַכט נאָר ווי זיך צו ראַטעווען.

און זי האָט צום לעצטן מאָל אַ צי געטאָן דעם פאָדעם, אַזוי ווי זאָגנדיק:

— איף ווידערזען!...

— טין! טין! — האָט נאַדיר געענטפערט און אַ צי געטאָן דעם פאָדעם צו זיך.

די פּרינצעסין האָט אָנגעהאַנגען אויפן פאָדעם אַ בלימעלע.

ביי דער מיידל אין קאָפּ איז שוין פאַרטיק געוואָרן אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו ראַטעווען נאַדירן.

זי האָט אים באַשלאָסן צו באַפרייען, אַפילו ווען זי זאָל דאַרפן דערפאַר ריזיקירן מיטן לעבן.

מע האָט נאָר געמוזט אָפּוואַרטן אַ געוויסע צייט.

אַלע אָוונט פלעגט זיך פון תפיסה־פענסטער אַראָפּלאָזן דער בלישטשעדיקער פאָדעם און די פּרינצעסין פלעגט אים אָנכאַפּן.

אויף אַזאַ אופן פלעגן זיך די פריינד איבערגעבן זייערע געדאַנקען.

איינמאָל אין אָוונט, ווען נאַדיר האָט אַ צי געטאָן דעם טייערן פאָדעם, האָט ער דערפילט, אַז היינט איז ער שוואַכער ווי געוויינטלעך. ער האָט אים אַרויפגעצויגן און האָט דערזען אַ צוגעבונדענעם מאַגנאָליום־בלאַט.

ביי דער שיין פון דער לבנה האָט ער אויפן בלאַט איבערגעלייענט:

„זונענשטראַל" צום פריינד נאַדיר. זאָל נאַדיר ניט זיין אומרויִק, אויב „זונענשטראַל" וועט עטלעכע טעג ניט

קומען צום טורעם. „זונענשטראַל" גייט אוועק ווייט, כּדי צו ראַטעווען איר פריינד. זאָל נאַדיר אויך אַזוי טראַכטן וועגן „זונענשטראַל", ווי „זונענשטראַל" וועט טראַכטן וועגן נאַדירן".

אַז נאַדיר האָט דורכגעלייענט דעם שמעקעדיקן בריוו, האָט אַ טרויער אַרומגעכאַפּט זיין האַרץ.

— איך וועל שוין פון מיין חברטע מער קיין געזרוסן ניט באַקומען!... און ווער ווייס נאָך, וואָס פאַר אַ געפאַר עס דראָט איר?...

און ער האָט זיך געווענדעט מיט אַ הייסער תּפילה צו די געטער, וואָס פירן אָן מיט דער וועלט, זיי זאָלן ראַטעווען דאָס מיידל.

---

אַ סך מאָל האָט די פּרינצעסין געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל מוחל זיין נאַדירן זיין שולד.

דער קיניג האָט אָבער פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערן.

„זונענשטראַל" האָט דאַן באַשלאָסן אויסצופּרוּוון אַנדערע מיטלען.

איינמאָל, ווען זי האָט דערזען, אַז דער קיניג זעצט זיך אויפן ווייסן העלפאַנד, איז זי צוגעלאָפן צו אים און געבעטן דערפילן איר פאַרלאַנג.

— איך וועל אַלץ דערפילן, וואָס דו פאַרלאַנגסט, מיין קינד,- האָט ער געזאָגט-נאָר ניט באַפרייען נאַדירן!

— איך וואָלט זיך, פאָטער, ניט דערוועגט צו ווענדן צו דיר מיט אָט דער בקשה נאָכדעם, ווי דו האָסט מיר אַזוי פיל

מאָל אין דעם אַנטזאָגט—האָט די טאָכטער געענטפערט—איצט פאַרלאַנג איך נאָר—זאָלסט מיר געבן עטלעכע מענטשן, וואָס זאָלן מיך באַגלייטן צום ווּנדער-באַרג.

— ווייסט אָבער, טאָכטער, וואָס פאַר אַ געפאַרן עס דראָען דיר דאָרט?

— איך האָב קיינעם קיין בייז ניט געטאָן און דערי־בער האָב איך ניט פאַרוואָס מורא צו האָבן.

— וואָס דאַרפסטו דאָרט אויפן באַרג?

— איך דאַרף דאָרט געפינען די פרוכט פון אייביק לעבן און פון חכמה.

— דו גלויבסט אין די דאָזיקע נאַרישקייטן?

—דערלויב מיר...—האָט זי זיך געבעטן און דערביי אַזוי געקוקט אויפן פאָטער, אַז ער האָט איר ניט געקאָנט אַנטזאָגן.

די פּרינצעסין האָט זייער גוט געוווּסט, וואָס פאַרן אַ געפאַרן עס דערוואַרטן איר דאָרט.

זי האָט זייער פיל געהערט וועגן די מענטשן, וואָס האָבן געפּרוּווט אַרויף אויף דעמדאָזיקן באַרג און זיינען פון דאָרט שוין צוריק ניט געקומען.

זי האָט זיך אויך נאָכגעפרעגט ביי די כּהנים און בראַ־מינען, וואָס פלעגן אַראָפּקומען פון באַרג אַלע יאָר אויפן פרילינגס-יום-טוב.

יענע האָבן איר געענטפערט, אַז אַרויפקומען אויפן באַרג קענען נאָר די אמתע גוטע מענטשן, וואָס זיינען באַשאָנקען מיט אַ געטלעכן חסד.

אַלע איבעריקע, וואָס פּרוּוון אַרויפגיין אויפן באַרג, זיינען פאַרמשפּט דאָס גאַנצע לעבן אַרומצובלאָנקען אַרום

אים, ניט האָבנדיק קיין כּוח ניט אַרויפצוקלעטערן, ניט אַוועקצוגיין.

פילע, פילע זיינען שוין אַזוי נאָך אַ סך מי אויס־געשטאָרבן פון יאוש.

די פּרינצעסין איז אָבער געווען זיכער אין נצחון.

פון לאַנג האָט זי שוין געחלומט זיך אויפצוהויבן אַניפן באַרג. עפּעס אַן אומבאַקאַנטער כּשופדיקער כּוח האָט זי שטענדיק אַהין געצויגן. די האָפענונג צו ראַטעווען נאַדירן האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט איר שטרעבונג.

אַזוי איז שוין באַשערט—האָט זי זיך געטראַכט—זי מוז גיין.

זי האָט געוווּסט, אַז די באַגלייטער קענען זי צופירן נאָר ביזן רוקן פון באַרג און נאָכער וועט זי מוזן גיין אַליין.

זי איז אָבער געווען דרייסט. חוץ דעם האָט זיך גע־האַנדלט וועגן ראַטעווען נאַדירן און דעריבער האָט זי צו־געאיילט דעם אָפּפאָר.

דער פּרינצעסינס באַגלייטער זיינען געווען זעלנער, אַלע אָנגעטאָן אין ווייסן מיט זילבערנע בלאַנקע שפּיזן. הינטער זיי זיינען געגאַנגען צען ווייסע העלפאַנדן אין ווייסע דעקטיכער, אויסגענייט מיט זילבער, פּערל און בריליאַנטן. אויף די רוקנס זיינען געווען טורעמלעך, באַ־שלאָגן מיט די טייערסטע טעפּיכער, באַצירט מיט איידל־שטיינער. דאָרט אין די געצעלטן זיינען געזעסן די פּרינ־צעסין מיט אירע דינסטן. הינטער די העלפאַנדן זיינען געפאָרן אַ סך פורן מיט עסנוואַרג און פאַרשיידענע הצטרכותן פאַר אַ לענגערער רייזע.

אַז אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן צום אָפּפאָרן, איז די

פרינצעסין אַוועק צום קיניג זיך געזעגענען.

דער קיניג האָט שוין חרטה געהאַט אויף דעם, וואָס ער האָט איר דערלויבט צו פאָרן, און ער האָט זיך בייז געוועזן צו די שומרים-באַגלייטער:

— איר וועט באַצאָלן מיטן לעבן, אויב מיין טאָכטער וועט זיך צו מיר ניט צוריקקערן!

אַלע זיינען געפאַלן כורעים פאַרן קיניג, און מ'איז אָפּגעפאָרן.

---

פיל טעג זיינען די רייזנדער געפאָרן און ניט באַגעגנט אויפן וועג קיינע מניעות.

ענדלעך זיינען זיי געקומען צו אַ געדיכטן וואַלד, וווּ ס'האָבן זיך געפונען ווילדע חיות.

די חיות האָבן אַזוי געשריען, אַז די ערד אַרום האָט געציטערט.

פון וואַלד איז אַרויס אַ לייב און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן די רייזנדער. אַזוי ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „מ'קען ניט דורכגיין!"

פּלוצלונג איז ער אָבער געפאַלן, געשלאָגן פון אַ פייל, וואָס די באַגלייטער האָבן אין אים געלאָזן.

דאָסזעלבע האָט פּאַסירט מיט אַ צווייטן און מיט אַ דריטן לייב.

די איבעריקע לייבן, זעענדיק, אַז די געקומענע זיינען שטאַרקער פון זיי, האָבן זיך צוריקגעקערט אין וואַלד און דורכגעלאָזט די פּרינצעסין מיט דער סוויטע.

די רייזנדער זיינען געגאַנגען ווייטער, ביז וואַנען זיי זיינען געקומען צו אַן אָזערע, וואָס איז געלעגן אויפן וועג צום ווּנדער־באַרג.

אויף דער אָזערע איז ניט געווען ניט קיין בריק, ניט קיין שיף.

די רייזנדער האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פאַר־ווּנדערונג.

די פּרינצעסין האָט זיך אויך דערשראָקן:
ווי אַזוי וועט זי דערגרייכן דעם ציל?

אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט האָבן די רייזנדער פאַרבראַכט אויפן ברעג.

אייניקע האָבן פאַרגעלייגט זיך צוריקצוקערן אַהיים. די פּרינצעסין האָט אָבער באַשלאָסן צו גיין ווייטער, אַפילו ווען ס'זאָל אויסקומען די אָזערע אַריבערצושווימען.

פּלוצלונג האָט זיך פון דערווייטנס באַוויזן עפּעס אַ ווייסע געשטאַלט, ענלעך אויף אַ שטיק וואָלקן. וואָס מער דער וואָלקן האָט זיך דערנעענטערט, אַלץ ענלעכער איז ער געוואָרן צו אַ פויגל.

דאָס איז געווען אַ גוואַלדיק־גרויסער שוואַן.

— אָט ווער עס וועט מיך אַריבערטראָגן אויף דער אַנדער זייט! — האָט די פּרינצעסין אויסגערופן, פּאַטשנ־דיק מיט די הענט.

— און וואָס וועט זיין מיט אונדז און מיט די העל־פאַנדן? — האָבן געפרעגט די באַגלייטער.

— איר וועט דאָ בלייבן און וואַרטן אויף מיין צו־ריקקומען — האָט די פּרינצעסין געזאָגט — איך אַליין וועל אַרויף אויפן באַרג.

די באַגלייטער האָבן ניט געוווּסט, וואָס צו ענט־
פערן. איידער זיי האָבן באַוויזן צו קומען צו זיך, איז זי
בליץ־שנעל אַרויפגעשפּרונגען אויפן שוואַן, אַרומגע־
נומען זיין בויגעוודיקן האַלדז מיט אירע צאַרטע הענט
און זיך צוגעבויגן צום פויגל מיטן קאָפּ.

און דער שוואַן איז אַזוי אַוועקגעשוווּמען צום אַנדער ברעג.

די פאַרבליבענע באַדינער האָבן מיט בליקן פול
וווּנדער באַגלייט די פּרינצעסין.

דער שוואַן האָט געבראַכט די פּרינצעסין צום צו־
פוסן פון באַרג. דאָ האָט זי באַגעגנט אַ נייע מניעה.

דער באַרג איז געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן
שוואַרצן וואָלקן, אַזוי אַז מע האָט קיין שטעגעלע ניט
געזען — פינסטער, חושך.

די פּרינצעסין איז שטיין געבליבן. פּלוצלונג איז איר
בליק געפאַלן אויף אַ שטיין, אויף וועלכן עס איז מיט
פייערדיקע אותיות געווען אָנגעשריבן:

— „איר, וואָס זוכט ליכטיקייט, היט זיך צו פאַר־
בלאָנדזשען אין דער פינסטער!"

— איז דאָס אַ התראה?... וואָס טוט מען?.. גיין ווייטער
אָדער זיך צוריקקערן?...—זיינען ביי איר אין קאָפּ דורכגע־
פלויגן עטלעכע געדאַנקען.

נאָר די פּרינצעסין האָט זיך דערמאָנט אָן נאַדירן, וואָס
ווערט געפּייניקט אין דער תּפיסה. זי האָט באַלד דערפילט אַ
פרישן שטראָם פון העלדישקייט און פעסט באַשלאָסן
צו גיין ווייטער, ניט שרעקנדיק זיך פאַר דער פינסטערניש.

ווי נאָר זי האָט געשטעלט עטלעכע טריט, האָט זי
באַמערקט אַ שיין, וואָס איז געפאַלן פון אויבן. ביי דער

שיין האָט זי זיך שוין געקאָנט פּאַרהיטן פון שטרויכלונ־
גען. הגם דאָס שטעגעלע, וואָס האָט געפירט אויפן באַרג,
האָט זי ניט געזען.

די פּרינצעסין האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, כדי צו
זען, פון וואַנען עס קומט די שיין, און האָט באַמערקט,
אַז אירע גאָלדענע האָר לייכטן דאָס אין דער פינסטער.

זי האָט זיי דאַן פונאַנדערגעלאָזן און מאָמענטאַל איז
אַרום ליכטיק געוואָרן. ווי אַ וואָלקן ליכט וואָלט זי אַרומגע־
נומען און באַלויכטן דעם וועג, אויף וועלכן זי איז געגאַנגען.

זי האָט לייכט געפונען דעם שטעג און איז גיך אַוועק
אַרויף באַרג.

---

וואָס העכער זי איז געגאַנגען, אַלץ לייכטער, האָט
זיך איר געדאַכט, איז זי געוואָרן.

און די האָר האָבן אַלץ העלער געלויכטן.

עפּעס אַן אומבאַוווּסטער כוח האָט זי געצויגן אַלץ
העכער און העכער. דער וואָלקן, וואָס האָט פריער באַ־
דעקט דעם באַרג, איז ביסלעכווייז אַזוי ווי צערונען גע־
וואָרן.

ענדלעך האָט זי דערזען דעם שפּיץ באַרג, וואָס האָט
געלויכטן אין דער פינסטער, ווי אַ לייכט־טורעם.

צום וווּנדערשפּיץ איז נאָך געווען ווייט. די פּרינצע־
סין איז געגאַנגען צו אים גיך־גיך, אַזוי ווי פליגל וואָלטן
ביי איר אויסגעוואַקסן.

מיטאַמאָל האָט זי דערהערט אַ זעלטענע מוזיק און
אין דער לופט האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן אַ וווּנדערבאַ־
רער ריח.

וואָס העכער זי איז געגאַנגען, אַלץ דייטלעכער האָט

זי געהערט די זעלטענע מעלאָדיע, אַלץ דופּטיקער איז געוואָרן די לופט.

אַרום באַרג־שפּיץ זיינען געוואַקסן ביימער. די ביימער זיי־נען געווען באַהאַנגען מיט ווּנדערבאַרע דופּטיקע בליונגען; אויף די צווייגן זיינען געזעסן זעלטענע פויגלען, וואָס זייערע פליגלען האָבן געגלאַנצט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן.

די פויגלען האָבן אַזוי זיס געזונגען, אַז די פּרינצע־סין איז ניט ווילנדיק שטיין געבליבן, כּדי זיך איינצוהאָרכן.

ניט לאַנג אָבער איז זי געשטאַנען. דער ווילן וואָס גיכער צו דערגרייכן דעם באַרג־שפּיץ האָט זי געטריבן ווייטער.

אויפן שפּיץ באַרג האָט זיך דער וואַלד געענדיקט.

פּלוצלונג איז די פּרינצעסין געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטע: נייע ווונדער האָבן זיך פאַר איר אַנטפּלעקט. פאַר אירע אויגן האָט זיך צעשפּרייט אַ אומגעהייער גרויסער שטח, וואָס האָט, דאַכט זיך, קיין גרעניץ ניט געהאַט.

דער שטח איז געווען פאַרבויט מיט געביידעס איי־נע גראַנדיעזער פאַר דער אַנדערער. און אינמיטן איז גע־שטאַנען אַ גראַנדיעזער טעמפּל מיט ווענט פון יאַשמאַ־שטיין, מיט זיילן פון באַרג־קריסטאַל, וואָס האָט גע־בלאַנקט נאָך שאַרפער ווי בריליאַנט, און גאָלדענע מינאַרעטן*).

די גאַנצע געגנט איז געווען באַלויכטן דורך אַ גרויסן לייכט־טורעם, וואָס האָט פונאַנדערגעגאָסן ליכט פון זעלטענער פּראַכט.

*) מינאַרעט—טורעם ביי אַ מעטשעט (מאַכמעדאַניש געבעטהויז)

פון די ברייטע טרעפ איז אַראָפּגעגאַנגען אַ לאַנגע פּראָצעסיע פון כּהנים־בראַמינען אין ווייסע קליידער מיט טשאַלמעס אויף די קעפּ, באַצירט מיט פינקלענדיקע איידל־שטיינער, מיט ווייַרויך־לאָמפּן אין די הענט. מיט אַ געזאַנג פון הייליקע לידער האָבן זיי זיך לאַנגזאַם גענענט צו דער פרינצעסין, וואָס האָט זיך באַוויזן אויפן ראָג.

אויפן שוואַרצן פּאָן פון וואַלד האָט די פּרינצעסין מיט איר׳ע גאָלדענע האָר, צעוואָרפענע פון ווינט, אויס־געזען ווי אַ הימליש געשטאַלט.

ווי די פּרינצעסין האָט דערזען די פּראָצעסיע, האָט זי זיך גלייך געוואָרפן אויף דרערד און געבעטן מחילה.

— געבענטשט זאָל זיין דיין קומען! — האָט געזאָגט איינער פון די בראַמינען — ווען עס גיט זיך איין אַהער צו קומען, דער איז דער ליבלינג פון הימל.

ער האָט זי אויפגעהויבן פון דרערד. אַרומגע־רינגלט פון בראַמינען איז זי אַריינגעקומען אין טעמפּל, וואָס איז געווען איינגאַנצן פאַרגאָסן מיט ליכט, אָנגעזאַפּט מיט וווּנדערבאַרע ריחות און אָנגעפּילט מיט געזאַנג.

די דערשטוינטע פּרינצעסין האָט ניט געקאָנט קומען צו זיך. מע האָט איר געגעבן טרינקען עטלעכע טראָפּנס, וואָס האָבן איר געדאַרפט קרעפטיקן, און פאָרגעלייגט צו לייגן זיך אויף אַ ווייכן בעט פון שטרויס־פעדערן, ביז וואַ־נען עס וועט אָנקומען דער כּהן גדול, וואָס וועט פאַר איר אַנטפּלעקן די סודות פון וווּנדערבאַרג.

די פּרינצעסין איז רויק איינגעשלאָפן. דער געטראַנק האָט געהאַט אויף איר אַ מאָדנע ווירקונג. ס׳איז איר גע־וואָרן אַזוי גוט, אַזוי אָנגענעם. זי האָט זיך געפילט אַזוי

רזיק צווישן די אומבאַקאַנטע מענטשן, אַזוי זיכער, ווי
ביי דער מאַמען אין די אָרעמס!...

אויפן פרימאָרגן האָט זי אויפגעוועקט דאָס גע-
קלאַנג פון די גלאָקן-טורעמס.

אַ דופטיקע וואַנע און פּראַכטפולע קליידער זיינען
שוין געווען גרייט פאַר איר.

אין דער באַגלייטונג פון בראַמינעו איז זי געגאַנגען
באַטראַכטן די געגנט.

זי האָט געזען פיל געוויקסן מיט אַזוינע גרויסע
בלעטער, אַז פון יעדן האָט געקאָנט אַרויסקומען אַ
גאַנצע קלייד.

דאַן האָבן איר די בראַמינען געוויזן דעם בוים פון וויסן,
וואָס גיט די מענטשן, וואָס פאַרזוכן פון אים, וויסנשאַפט.

מע האָט איר נאָך געוויזן די ביימער פון רו
און שלאָף און נאָך אַנדערע ביימער, וואָס האָבן פאַר-
בישופטע פרוכט.

צווישן די ביימער האָט זיך געפונען אַ בוים פון הונ-
דערטער יאָרן אַלט. דעם סוד פון דעם דאָזיקן בוים האָט
געדאַרפט דערקלערן דער פּרינצעסין דער כהן גדול אַליין.

— און ווען וועל איך אים זען? — האָט די פּרינצע-
סין געפרעגט.

— אָט גייט די פּראָצעסיע, וואָס וועט אייך אַוועק-
פירן צו אים - האָבן די בראַמינען געזאָגט.

פון ווייטן האָט זיך באַוויזן אַ לאַנגע קייט פון כּהנים
אין ווייסע קליידער. זייער קוק און באַוועגונגען זיינען גע-
ווען פאַרשיידנאַרטיק.

די פּרינצעסין האָט געפרעגט, וואָס דאָס באַטייט.

— די, וואָס טאַנצן און זינגען — האָט מען איר געענטפערט—האָבן פאַרזוכט פון בוים פון גוטס; די, וואָס גייען לאַנגזאַם, שפּייזן זיך מיט די פרוכט פון חכמה, און די, וואָס שמייכלען אַזוי צופרידן, האָבן פאַרזוכט פון בוים פון געזונטהייט.

די פּראָצעסיע האָט אַרומגערינגלט די פּרינצעסין. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען זי געבראַכט צו פירן אין אַ פאַרכישופטן בוים-גאָרטן. דאָרט האָט מען זי צוגעפירט צו אַ גאָלדענער טיר. די טיר האָט זיך פון זיך אַליין פאַר איר געעפנט און די פּרינצעסין איז אַריין אין אַ קאָלאָסאַלן טעמפּל מיט אַ בלאָען באַלקן, דורכזיכטיק ווי דער הימל און באַצירט מיט בלישטשעדיקע פינטלען ענלעכע צו שטערן.

אויף אַ טראָן אינמיטן איז געזעסן אַ בכבודיקער זקן מיט אַ ווײַסער זילבערנער באָרד.

— אַ לויב צום הויכן כּריסטער, אונדזער וועגווײַזער!...— האָבן אַלע אויסגערופן און געפאַלן צו דרערד.

די פּרינצעסין איז געשטאַנען ווי צעמישט פאַר וווּנדער.

באַלד איז זי געקומען צו זיך און געפאַלן דעם אַלטן צו די פיס.

דער פּריסטער האָט איר אויסגעשטרעקט אַ האַנט און געזאָגט:

— קום אַהער, טאָכטער! געבענטשט זאָל זיין דיין קומען און מקוים זאָל ווערן דער ווילן פון די הימלען!... וואָס פאַרלאַנגסטו?

— פריד און גערעכטיקייט — האָט זי געענטפערט.

— עס וועט זיין! עס וועט זיין! שלום און גערעכטיקייט וועט זיין! — האָט געענטפערט אַ כאָר פון כהנים.

דער עלטסטער פריסטער האָט זי געגומען פאַר אַ האַנט און דערקלערט דעם סוד פון דעם הונדערטיאָריקן בוים.

— דערדאָזיקער בוים — האָט ער געזאָגט — ברענגט יעדע הונדערט יאָר נאָר איין פרוכט. דער פרוכט פאַרמאָגט אַן אייגנשאַפט איינצושלעפערן אויף הונדערט יאָר דעם מענטשן, וואָס איז אויסדערוויילט פון הימל.

דער שפּעטערדיקער פרוכט פאַרמאָגט דעם כּוח אויפצוּוועקן אין הונדערט יאָר אַרום דעם איינגעשלאָפענעם מענטשן. אַ געזונטער און אַ פרישער כאַפּט זיך אויף דער מענטש, פונקט אַזוי, ווי ער איז געווען איידער ער איז איינגעשלאָפן. מיט הונדערט יאָר צוריק איז דער נס געשען מיטן גוטן און יושרדיקן קיניג קאַלימאַן, דעם אויסדערוויילטן פון הימל.

די בראַמינען האָבן אים געפונען, אַוועקגעפירט אויפן וונדערבאַרג, איינגעשלעפערט און היטן אים איצט ווי אַ הייליקע ירושה פון די אָבות.

איצט האָט זיך אויפן בוים פונאַנדערגעבליט דער נייער פרוכט, וואָס קען אויפוועקן דעם קיניג קאַלימאַן. אָבער כּדי אים אַראָפּצורייסן, איז נויטיק געווען דאָס אָנקומען פון אַ מיידל, וואָס איז ראוי אויסצופירן דעמדאָזיקן נס.

— אַזוי?! לעבט נאָך מיין עלטערזיידע קאַלימאַן?

— האָט אויסגעשריען די איבעראַשנדע פּרינצעסין — וווּ איז ער? זאָל ער קומען ראַטעווען מיין לאַנד!...

— קום מיט מיר — האָט געזאָגט דער פּריסטער — איך וועל דיך אַוועקפירן צו אים און דו וועסט די ערשטע זען זיין אויפוואַכונג.

און ער האָט זיך געשטעלט און אַוועקגעפירט די

פרינצעסין דורך אַלאַנגער ריי פון זאַלן, דורך טירן, וואָס האָבן זיך פון זיך אַליין אָן שום גערויש געעפנט און פאַרמאַכט.

ענדלעך זיינען זיי צוגעקומען צו דעם צימער, וווּ אויף די דילן זיינען געלעגן אַזוינע גערדיכטע פוכענע טע־פּיכער, אַז די פיס זיינען געזונקען אין זיי אָן שום גערויש.

פון באַלקן איז אַראָפּגעהאַנגען אַ האַלבפאַרדעקטער לאָמפּ, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַ רויִקן גלייכמעסיקן שיין.

אינמיטן צימער אויף אַ הויכן געלעגער מיט אויס־געניייטע דעקעס איז געלעגן דער קיניג קאַלימאַן, איינגעאַנצן אַ בלאַסער, מיט פאַרמאַכטע אויגן. אַרום דעם געלעגער זיינען געשטאַנען בראַמינען. זיי האָבן געהאַט די עובֿדה אַלע שעה צו באַנעצן דעם קיניג די ליפּן מיט לעבעדיקן וואַסער. די בראַמינען האָבן זיך געביטן אַלע חודש.

פאַרן פאַרנאַכלעסיקן די פליכט האָט געקומט מיתה.

דערזעענדיק דעם אומבאַוועגלעכן קערפּער פון דעם עלטערזיידן, איז די פרינצעסין מיט גרויס געוויין געפאַלן פאַר זיין בעט.

— שטאַרק זיך — האָט געזאָגט צו איר דער פּריס־טער — אין עטלעכע מינוט אַרום וועט ער זיין אַזוי לע־בעדיק ווי מיר.

ער האָט אַרויסגענומען דעם פּרוכט, וואָס איז גע־ווען ענלעך צו אַ טייטל און אַריינגעגאָסן די זאַפט צום קיניג אין מויל אַריין.

דערביי האָט ער באַפוילן די בראַמינען צו דערציילן וועגן דער גרויסער געשעעניש.

תּיכּף האָט זיך פון אַלע זייטן דערהערט מוזיק,

און הימן=געזאַנגען. דער פענסטער פון צימער האָט זיך ווי דורך אַ כּישוף פון זיך אַליין פונאַנדערגעעפנט. כוואַליעס ליכט האָבן זיך אַ גאָס געטאָן אין דעם שטילן צימער און פאַרגאָסן דעם געלעגער.

קאַלימאַן האָט זיך אַ ריר געטאָן, געמאַכט עטלע=כע באַוועגונגען, געעפנט די אויגן און אַ האַלבפאַרשלאָ=פענער זיך אַרומגעקוקט אַרום. ער האָט באַקוקט דעם צי=מער, די מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אים אין שטילן שווייגן.

דאָ האָט ער דערזען דאָס פּנים פון דער פּרינצעסין:

— איראַנדאָל!... האָט ער אויסגערופן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

די אַרומיקע האָבן מיט גרויס פאַרוווּנדערונג זיך איבערגעקוקט.

— דאָס איז געווען מיין עלטער=באָבע — האָט גע=זאָגט די פּרינצעסין — קילימאַנס פרוי.

— איראַנדאָל...— האָט ווידער געזאָגט דער קיניג און אויסגעשטרעקט די הענט, כּדי אַרומצונעמען דאָס מיידל.

— איראַנדאָל איז געשטאָרבן—האָט געזאָגט די פּרינ=צעסין — איך בין „זונענשטראַל", איראַנדאָלס אוראייניקל.

דער קיניג האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— און ווו איז סאַריב ?—האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט.

— סאַריב דער מיניסטער ?.. ער איז געשטאָרבן—האָט געענטפערט דער פּריסטער.

— און נאַלאָ, מיין העלדישער קריגער ?

— אויך געשטאָרבן.

— טאָ צוליב וואָס האָט איר מיך לעבעדיק געמאַכט, אַז אַלע זיינען געשטאָרבן? — האָט געפרעגט קילימאַן — איך וויל אויך שטאַרבן.

— איר דאַרפט לעבן, כדי איינצושטעלן יושר אין אייער מלוכה — האָט געענטפערט דער פריסטער — רוט זיך אויס איצטער און מאָרגן וועט איר גיין מיט „זונען־שטראַל״. דאָס פאָלק וואַרט אויף אייך.

מע האָט אים איבערגעלאָזט רוען אַ טאָג מיט אַ נאַכט. געגעבן אים עסן און טרינקען, כדי אומצוקערן אים די כוחות, וואָס וועלן אים נוטיק זיין צום קינפטיקן קאַמף.

---

אויף מאָרגן האָט מען אים אַריינגעלייגט אין אַ טראָג־בעטל און אַ גרויסער עולם האָט אים באַגלייט אין וועג אַריין.

צופוסנס פון באַרג, אויף דער אָזערע, האָבן געוואַרט אויף זיי שיפן מיט ווייסע זעגלען. עס איז געבליבן, אַז קילימאַן זאָל מאַכן אַ רייזע איבער זיין מלוכה, איידער ער וועט זיך באַווייזן אין דער הויפטשטאָט.

אין דער זעלבער צייט זאָלן די בראַמינען פאַר־שפרייטן די ידיעה וועגן דעם נס.

דער קיניג האָט ווייניק גערעדט און אַלץ זיך אַרומ־געקוקט.

ניט די געגנטן, ניט די פנימער פון די מענטשן — קיינזאַך איז אים ניט געווען באַקאַנט.

נאָר די פרינצעסין האָט ער כסדר געצערטלט, גע־רופן זי איראַנדאָל, ווייל זי האָט אים דערמאָנט די פאַר־שטאָרבענע פרוי.

די באַגלייטער האָבן אים דערקלערט אַלץ, וואָס ער האָט געזען.

איינמאָל ביינאַכט איז דער קיניג אַ ידער געקומען אין אַ פּרעכטיקע שטאָט. אומעטום האָט מען געזען גרויסע פּאַלאַצן און אויסגעפּוצטע פריילעכע מענטשן.

— ווו זיינען מיר? — האָט געפרעגט קאַלימאַן.

— אין שטאָט פון עשירות — האָט געענטפערט אַ בראַמין — אָט די אַלע זיינען רייך געוואָרן אויפן חשבון פון פאָלק.

— אין מיינע צייטן איז נִיט אַזוי געווען! — האָט זיפצנדיק געזאָגט דער קיניג — קומט לאָמיר אוועקגיין פון דאַנען וואָס גיכער!

אין עטלעכע טעג אַרום זיינען זיי געקומען אויף אַן אינדזל, וואָס איז געווען באַזעצט כמעט אינגאַנצן מיט פרויען.

די פרויען זיינען אַנטקעגנגעגאַנגען צו די געסט אויסגעפּוצטע און פריילעכע.

קאַלימאַן האָט געפרעגט: — ווי אַזוי קומען דאָ אַזוי פיל פרויען?

— דאָס זיינען אַלמָנות — האָט געענטפערט אַ פּריסטער — אַמאָליקע צייטן פלעגט מען זיי פאַרברענען צוזאַמען מיט די קערפּערס פון די געשטאָרבענע מענער. איצט שיקן זיי אָנשטאָט זיך אַנדערע פרויען, און אַליין באַהאַלטן זיי זיך אויף דעם אינדזל. און, אַז ס'קומט אַ פרעמדער, באַגעגענען זיי אים פריינדלעך, האָפנדיק צו טרעפן נייע מענער.

— האָט דאָס געלוינט צו לעבן אַזוי פיל יאָרן, כּדי צו זען אָט די אַלע מענטשן? — האָט געזאָגט קאַלימאַן — און

ווו איז די פריערדיקע ליבע?... קומט, לאָמיר פאָרן ווייטער

לאַנג האָט דער קיניג אַרומגערייזט. אַ סך האָט ער געזען. פיל זאַכן זיינען אים ניט געפעלן געוואָרן. די מענטשן זיינען קליגער געוואָרן, אָבער זייערע הערצער זיינען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. יעדער טראַכט זיצט נאָר וועגן זיך.

דערווייל איז די ידיעה וועגן קילימאַנס אויפוואַכונג דערגאַנגען צום קיניג ראַמון. ער האָט גענומען ציטערן פאַר שרעק, ווייל ער האָט מורא געהאַט, קילימאַן זאָל פון אים ניט נעמען קיין נְקָמָה פאַר דאָס בייז, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. ער איז גרייט געווען זיך אָפּצוזאָגן פון טראָן, נאָר לעבן צו בלייבן.

דאָס פאָלק האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער באַפרייונג פון דעם שווערן יאָך און איז גרייט געווען פייערלעך צו באַגעגענען דעם אַלטן קיניג.

אויפן וועג האָט די פרינצעסין געטראָפן די באַגלייטער, וואָס זי האָט איבערגעלאָזן אויפן ברעג אָזערע. ביידע אָפּטיילונגען האָבן זיך פאַראייניקט און זיינען מיט פאַראַד אַריין אין דער הויפּטשטאָט אַריין.

ביי די טויערן פון שטאָט האָבן די רייזנדער געטראָפן ראַמונען. ער איז זיי געפאָרן אַנטקעגן אויפן ווייסן העלפאַנד.

דער קאָפּ איז ביי אים געווען אַראָפּגעלאָזן.
ער האָט זיך אינגאַנצן געענדערט.

די פרינצעסין האָט געבעטן קאַלימאַנען צו זיין גרויסמוטיק און מוחל זיין ראַמונען זיינע זינד.

— דו האָסט פיל געזינדיקט, אָבער דער הימל איז פול מיט רַחמים — האָט געזאָגט קאַלימאַן צו ראַמונען — און

דו וועסט ניט באַשטראָפט ווערן פאַר דיינע עֲבֵירות. איין תּנאַי נאָר מוזטו אויספירן — דו מוזט באַפעלן הַרגענען דעם שוואַרצן העלפאַנד, וואָס איז שטענדיק געווען דער אָנזאָגער פון אַלע אומגליקן.

ראַמון האָט צוגעזאָגט צו דערפילן דעם תּנאַי.

די פּרינצעסין האָט תּיכּף באַפרייט נאַדירן און פאַר־געשטעלט אים פאַר קאַלימאַנען:

— דאָס איז דער אויסדערוויילטער פון מיין האַרצן!

— זייט גליקלעך! — האָט זיי קאַלימאַן געבענטשט—דו ביסט אַ לעבעדיק בילד פון מיין פרוי און ער איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך צו מיין זון... איך גיב איך איבער די מלוכה. איך אַליין וועל אַוועק אין דעם אַלטן וואַלד. איך האָב דאָרט אַליין פאַרפלאַנצט ביימער און זיי זיינען מיינע פריינד.

דאָרט געפינט זיך אויך דאָס הייזל, ווו איך מיט אי־ראַנדאָלן האָבן אַזוי גליקלעך געלעבט... אמת — דאָס הייזל איז שוין דָרוב־אַלט — עס דערמאָנט מיר אָבער די פרי־ערדיקע צייטן ... איצט איז גאָר אַן אַנדער וועלט מיט אַנדערע מענטשן... איך פאַרשטיי זיי ניט, פונקט ווי זיי פאַרשטייען מיך ניט. אויב איר וועט זיך נויטיקן אין אַן עֵצָה, קומט צום אַלטן קאַלימאַן.

ראַמון האָט פאַרלאָרן די מאַכט.

ער האָט זיך אַרומגעזען, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן און האָט זיך באַוועצט אויסלעבן די יאָרן אויפן אינדזל „כאַראָטע״.

נאַדיר האָט חתונה געהאַט מיט „זונענשטראַל״ און זיי האָבן גענומען פירן די מלוכה.

ווי נאָר זיי זיינען אַרויף אויפן טראָן, האָבן זיי קודֶם־כָּל באַפוילן אויסרייסן מיטן וואָרצל דעם הונדערט־יאָריקן בוים.

— דאָס לעבן איז ניט ליב, ווען דער מענטש לעבט איבער אַלץ, וואָס ער האָט פריער געליבט.

נאָדיר און „זונענשטראַל״ האָבן געלעבט איבער־גליקלעך אַ סך יאָרן.

נאָר פון יענער צייט אָן האָבן אויפגעהערט צו טרעפן ניסים.

—



„לעבעדיקע קלאַנגען!"

שוין דערשינען די נייע פאַרגרעסערטע און אויס־
געבעסערטע אויפלאַגע פון דער כרעסטאָמאַטיע

„לעבעדיקע קלאַנגען"

פאַרן II־טן לערניאָר

פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן

צונויפגעשטעלט לויט די בעסטע מוסטערן פון די נייסטע פוילישע, דייטשישע און רוסישע כרעסטאָמאַטיעס.

אַדרעס:

S. Bastomski, Wilno, Stefanska 24, m. 28.

אויפן לאַגער—אַלערהאַנט יידישע לערנביכער און לייענביכער.

# „גרינינקע ביימעלעך"

## צווייטער יאָרגאַנג

לייענט און פאַרשפּרייט דעם אילוסטרירטן
צוויי־וועכנטלעכן קינדער־זשורנאַל

# „גרינינקע ביימעלעך"

דערשיינט אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע
פון ש. באַסטאָמסקי.

| | | |
|---|---|---|
| אַבאָנעמענטס־פּרייז: | אַ יאָר (20 נומערן)—7 גילדן | (1.20 דאָל.) |
| | אַ ½ יאָר (10 " )—4 " | (60 סענט) |
| | אַ ¼ " (5 " )—2 " | (30 " ) |

די אַבאָנענטן באַקומען אומזיסטע פּרעמיעס.

אַדרעס פון דער רעדאַקציע־אַדמיניסטראַציע:

Wino, Stefańska 24 m. 28.

S. Bastomski.

